# מְכִירַת יוֹסֵף

דְיא בֶּגֶעבֶּענְהַייט פוּן יוֹסֵף מִיט דְיא בְּרִידֶער,
מִיט זִיסֶע וֶוערְטֶער אוּנְד הֶערְלִיכֶע לִידֶער,
צוּ זִינְגֶען אִין פּוּרִים מִיט דֶעם בֶּעכֶר אִין דִי הַאנְד,
אוּנ יֶעדֶער שְׁטָאט אוּנְד אִין יֶעדֶער לַאנְד.



## ווילנא


בדפוס פ. מ"ץ תחי'.

שנת תרס"ט לפ"ק

ІОСИФЪ ВЪ ЕГИПЕТЪ.

Собст. и изд. И. Вельчера.

ВИЛЬНА.

типографія Л. Л. Маца, Завальная

1908 г.

# יוסף שפיעל

שמעו נא רבותי חביבים ויקרים.
הטו נא אזניכם לאלה הדברים:
קראו לי בני החכם ואהוב. יקר הוא באחיו מכסף וזהב:
ריפט מיר מיין טייערין זון יוסף גישווינד. ער איז ביי מיר דאס בעסטע קינד:
אליפז ליוסף אביך צוני למהר אליך. כי מבקש הוא לראות פניך:
יעקב דיינע טרייםעריייען זינד לוטער פאלשי זאכן. בלייב שטיל רען מען ווירד דיך אוס לאכן:
יהודה אך לשוא ישמח ויגל לבך. כי לא תמשול עלינו בכבודך: דו האסט פר געסן די ווערטער פון דער גמרא. אדם צדיק ישכח חלום טוב מהרה:
יעקב בנים יקרים אל ירך לבבכם ברעדה. לכו נא רעו הצאן בתוך השדה: תודות לאל כי בא השמש קראו נא ליוסף ביום אמש:
אליפז ריף מיר מיין זון יוסף גישווינד אונ באלד. איך מוז אים שיקן איבר פעלד אונ וואלד:
יוסף אבי קראת והנני. אלכה לכל אשר תשלחני:
יעקב לך ודרוש שלום אחיך. ושוב מהר למען אראה פניך:
יוסף כבד אכבדך הורי בכל לבבי. ועל בעל הרחמים אשליך את יהבי: דיך וויל איך פאלגין מיט דעם גאנצן לעבן אונ גאט זאל מיר זיין הולף געבן:
יעקב לך נא בשלום בני יקירי. ומלאכי רחמים אתך יגורו:
מלאך מה זה תבקש:

יוסף אֶת אַחַי אָנֹכִי מְבַקֵשׁ :

מלאך אִין דותן זָענֶן דַיינֶע בְּרִידָר . דָארְט ווִירְסְטוּ זַייא פִינְדֶן ווִידֶר זַיי טְרַאכְטֶן דָארְט פִיל בֵּייזְקֵייט דִיךְ צוּ פַאנִיגֶען מִיט גְרוֹיס זַאמְקֵייט :

יוסף ידעתי כי דברי אדוני נאמנים . אך להשיב את דברי אבי איך אעיז פנים : ווֶען מִיךְ אוֹךְ מַיינֶע בְּרִידָר טוֹט שְׁלָאנֶען כּווּז אִיךְ זַיי מַיין פָאטֶרְס בָּאטְשַׁאפְט זָאגֶן :

שמעון הנה בעל החלומות בא אלינו . נהרגהו ונשליכהו בבור אשר לפנינו : דֶר בעל חלום קוּמְט . אִיךְ הָאבּ אִים דֶער קֶענְט . שְׁלָאגֶן ווִיר אִים טוֹט אוּנ מַאכֶן מִיט אִים אֵיין עֶנְד :

ראובן דַיינֶע וֶוערְטֶר זִינְד שְׁלֶעכְט . טוֹט שְׁלָאגִין אִיז נִיט רֶעכְט : וַוארְפְן מִיר אִים אִין אֵיין גְרִיבּ דָם ווִירְד קֵיינֶר נִיט ווִיסֶן דֶעם פָאטֶר וֶוערְדֶן ווִיר זָאגֶן אֵיין ווִילְדֶעס טִיר הָט אִים צוּ רִיסֶן :

יוסף בִּפְקוּדַת אָבִי בִּין אִיךְ גִיקוּמֶן צוּ זֶעהְן ווִי אַייךְ גֵייט אִין דֶר וֶועלְט . אִיר קֶענְט מִיט מִיר טָאן ווִי עֶס אַייךְ גִיפֶעלְט :

שמעון שְׁוַואג שְׁטִיל אוּנ רֶעד נִיט קֵיין וָוארְט . דוּ וֶועסְט שׁוֹן זֶעהְן וָוס ווִירְד גִישֶׁעהְן דָארְט :

יוסף וֶוען אִיךְ הָאבּ גִיזִינְדִיגְט אוּנ בִּין נִישְׁט גוּט . מוּזְט אִיהְ מִיר דָאךְ פַר גֶעבֶּן דֶען אִיךְ בִּין אַייעֶר פְלֵייש אוּנ בְּלוּט :

שמעון דַיינֶע שְׁלֶעכְטִיקֵייט קֶענִין מִיר דִיר נִיט פַר גֶעבֶּן דוּ מוּזְט פַאר לִירֶען דָם לֶעבֶּן :

יוסף אוּם מַיין לֶעבֶּן וָואלְט אִיךְ מִיר גָאר נִישְׁט גִימַאכְט . נָאר אוּף דֶעם אַלְטֶען פָאטֶר בִּין אִיךְ בַּדַאכְט :

שמעון דוּא מֵיינְסְט דוּ הָאסְט פַאר פִירְט דֶעם פָאטֶר דֶעם קְלוּגִין . ווִילְסְטוּ אוּךְ אוּנְז מִיט דַיין פַאלְשְׁקֵייט בַּטְרִיגֶען

יוסף אִיר קֶענְט מִיךְ טוֹט שְׁלָאגֶן . אִיךְ וֶועל אַייךְ אָבֶר בַּיי גָאט פַאר קְלָאגִין :

שמעון

שמעון וָואס נִיצֶען דיר דיא אַלֶע זַאכֶען. מִיר מוּזֶין מִיט דיר אֵיין עֶנְדֶע מַאכִין:

יוסף זִכְרוּ אֶת אִמִּי רָחֵל עֲקֶרֶת הַבַּיִת. בַּעֲבוּרָהּ עָבַד אָבִינוּ בַּשָּׂדֶה וּבַבַּיִת:

שמעון בְּרִידֶער בְּרִידֶער טוּט אַייךְ בַּאמִיהֶען. אִים דָאס שְׁטֶאלְצֶע הֶעמְדִיל אָפּ צוּ צִיהֶען:

יוסף דִי עֶנְגִיל וֶוערְדִין דְרִיבֶּר וֵויינֶען אוּנ קְלָאגֶן. וִויא אֵיין בְּרוּדֶער קֶען דֶעם אַנְדֶערִין טוּט שְׁלָאגֶען:

שמעון דוּ זָאלְסְט עֶנְדִיגֶען בַּאלְד וִויא אַוּוינְד. וַוארְפְט אִים טִיף בִּיז צוּם גְרוּנְד. קוּמְט בְּרִידֶער עֶסִין אוּנ טְרוּנְקֶען אוּנ עֶר זָאל דָא אוּנְטֶער זוּנְקֶען. עֶר זָאל פְּרֶעסִין דָאס שְׁלַאנְגֶען גוּפְט. הֶערְט נִיט וֶוער אַייךְ רוּפְט:

יוסף גָאט דוּ וֵוייסְט דָאךְ וִויא אִיךְ בִּין מִיט עֶרְלִיכְקֵייט אוּם גִינַאנְגֶען דְרוּם פַּר שְׁלִים דִי מֵיילֶער פוּן דִיא שְׁלַאנְגֶען. דִיר אִיז בַּאקַאנְט וִוי אִיךְ הָאבּ מַיין פָאטֶער עֶרְלִיךְ גִיהַאלְטֶן. דְרוּם זָאלֶען דִי שְׁלַאנְגֶען מַיין קָאפּ נִיט שְׁפַּאלְטֶען:

(וויא זייא עסין אונ טרינקען זעהן זייא דאס עטליכע קופלייטע פירען יוסף מיט זיך:)

שמעון זֶעהְט נָאר בְּרִידֶער וִויא קוּפְלֵייטֶע פוּן מִדְיָן לַאנְד. פִירֶען יוסף בַּיי דֶער הַאנְד. גִישְׁוִוינְד גִישְׁוִוינְד זַיי אָן צוּ פַּאקִין. עֶנְטְוֶועדִיר פְּלוּרִין אָדֶער דִי קֶעפּ אָפּ צוּ הַאקִין:

לֵוִי לִמְדִינִים וִויא קוּמְט צוּ אַייךְ דֶער קְנֶעכְט. אוּף אִים הָאט קֵיינֶער קֵיין רֶעכְט. גִיבְּט אִים אוּנְז גִישְׁוִוינְד צוּרִיק. זָאנְסְט אִיז עֶס פַּר לוּרִין אַייעֶר גְלוּק: מדינים אִיר בְּרָאכְט נִיט צוּ שְׁטְרֵייטִין אוּנ צוּ שְׁלָאגֶן. הֶערְט נָאר וָואס מִיר וֶוערְדֶען אַייךְ זָאגֶען. מִיר הָאבֶּן גִיזִיכְט וַואסֶער צוּ טְרוּנְקִין. הָאבֶּן מִיר אִים גִיזֶעהִין אִין גְרִיבּ פַּר זוּנְקֶען. מִיר הָאבֶּן גִיהֶערְט וִויא עֶר וֵויינְט

נויינט אונ שרייט . דרום האבן מיר אים פון דארט באפרייט :

שמעון ווען אייער לעבן איז אייך ליב אין דער וועלט זאלט איר אונז געבען פאר אים צוואנציג זילבער געלד מיר וועלן אייך באווייזען באלד דאס איר האט אים ניט גיפונען אין וואלד :

שמעון לאחיו פריר האבין זייא צו אונז גירעט גאנץ קעק . אבער אצונד צוטערין זייא שוין פר שרעק :

למדינים ווס ניצט אייך די טראכטין אונ שווייגין צו וואס זאל איך אייך דיא שווערט צייגען.מאכט שון אמאל איין ענד גיט גישווינד דאס געלט :

דיא מדינים געבען דאס געלד

יוסף ליבע ברידר ווי קענט איר אייך זא שטארק פר שולדען צו פר קופין אייער ברודר פר עטליכע גולדען :

יוסף אמי היקרה ביני נא והביטי . איך כתונת הפסים מעלי הפשיטו . טייערע מוטער רחל זעה נאר דיא ברידערס גיוויסען דאס זיידינע העמדיל האבען זיי פון מיר אפ גיריסען :

רחל הער אוף מיט דיין וויינין אונ קלאגן . איך קאן דיין שמערץ ניט מער פר טראגין :

יוסף ברענג מיין גיבעט פר דעם בהערשער דר וועלט זעה ווי איך צימער פר פראסט אונ קעלט :

מדינים זעהט נאר זויא ער זיך איבער דעם גריב בוקט עס איז ניט אנדערש ער איז פאר ריקט . מארש פארט דוא נאר רעד ניט צוא דעם שטיין דען זאנסט וועלען מיר צוא ברעכין דיין ביין :

רחל הער אוף מיין קינד בלייב שטיל . טוא וואס דיין הער וויל :

ראובן עס האט אונז אשרעקליך אום גליק גיטראפן דרייא

טָאג זִינְד מִיר דִי שָׁאף אִין וַוילְדֶן וַואלְד נָאךְ גִילָאפִין :

יעקב בִּיטֶער אִיז מִיר מַיין לֶעבִּין וָואס זָאל אִיךְ מִיר פַאר אַרָאט גֶעבִּין, דָאס הֶעמְד עֶס צְוִויקְט עֶס קְלֶעמְט מַיין טַייעֶר קִינְד יוסף אִיז טוֹט וִויא קָאן אִיךְ שׁוֹין עֶסִין בְּרוֹיט. אַהַארְטֶע שְׁלַאג הָאט מִיךְ גִיטְרָאפִין אַווִילְדָער בֶּער הָאט זַיין בְּלוּט גִיזָאפִין. אליפז אליפז לוּף גִישְׁווִינְד אוּף אַלֶע פִיר אוּנ רִיף מִיר מַיינֶע קִינְדֶר צוּ מִיר :

אליפז צוּ דִיא בְּרִידֶר. לוֹפְט צוּם פָאטֶר גִישְׁווִינְד אוּנ בַּאלְד דָען אֵיין אוּם גְלוּק הָאט זִיךְ גִיטְרָאפִן אִין וַואלְד :

האחים כולם אַךְ טַייעֶרֶער פָאטֶר הֶער וָואס דַיינֶע קִינְדֶר דִיר זָאגֶען הֶער שׁוֹן אוּף צוּ וַויינֶען אוּנ צוּ קְלָאגִין :

יעקב וִויא קֶענְט אִיר מֵיינֶען אִיךְ זָאל אוּף הֶערִין צוּ וַויינִין מַיין וֶועלְט אִיז שׁוֹין אוּם וָואס קָאן אִיךְ נָאךְ הָאפֶען אִיז דָען דָא זָא אֵיין אוּם גְלוּק וְוִי מִיר הָאט זִיךְ גִיטְרָאפֶען, דְרוּם מוּז אִיךְ וַויינִין אוּנ נִיט אוּף הֶערִין אִיךְ פַאר לַאנְג 'פוּן אַייךְ אִיר זָאלְט מִיךְ נִיט שְׁטֶערִין, דֶער וֶועק דִיךְ פוּן דַיין אָרְט מַיין לִיבּ קִינְד דִיךְ הָאט זִיךְ גִיטְרָאפֶען מַיינֶע זוּנְד : בני יוסף בני צר לי עליך לא אשיב עוד לראות אור פניך. כתונת פסים הלבשתיך בשובע שמחות. כעת היא בידי ליגון ואנחות. מַיין הַארֶץ הָאט זִיךְ גִיפְרֵייט אוּנ גִילַאכְט וֶוען אִיךְ הָאבּ עֶס דִיר, צוּם גִישֶׁענְק גִיגֶעבֶּן הָאבּ אִיךְ גִימֵיינְט דוּא וֶועסְט מִיךְ אִיבֶּער לֶעבִּין. גִפוּנְקֶילְט פַאר פְרֵייד הָאבֶּן מַיינֶע אוֹיגִין וֶוען דִיא הָאסְט עֶס אָן גִיצוֹיגִין.

(ראובן) ינחם ה' אותך מן השמים וימלא חסדיך כפלי כפלים דַיין שְׁמֶערְץ קָאן נָאר הֵיילִין גָאט אַלֵיין עֶר הָאט עֶס גִיטָאן אוּנ מִיר זֶענִין פוּן זִינְד רֵיין :

יעקב אַייעֶרֶע וֶוערְטֶער קֶענִין מִיר גָאר נִיט נִיצְן אִיךְ מוּז בִּיז צוּם טוֹט טְרוֹירִיג זִיצְן. לִיבֶּע קִינְדֶר שְׁטֶערְט נִיט מַיין וַויינֶען

אונ

און קלאגין . זיכט מיר ליבער דם ווילדע טיר וואס האט מיין קינד טוט גישלאגין :

שמעון הזדרזו אחים לשמור מצות אבינו . ולבקש החיה אשר אכלה את אחינו : איש את חרבו נחגורה ומיעד ליער נעבורה . עד אשר תפול עלינו ונקחה ממנו את נקמתינו : לופין מיר גישווינד און באלד איינר דורך פעלד דער אנדערער אין וואלד . אלע לופין אום דעם הוז אום אנדערין טאג קומען זיי צוריק ברענגין איין וואלף מיט זיך :

יעקב חמסי עליך זאב בליעל למה זה מעלת בי מעל . מדוע לדם נקי ארבת ובן יקיר לי באפך טרפת . וואס האט דיך אויף מיין קינד פאר דראסין דאס וואס דוא האסט אום שולדיג בלוט פאר גאסין :

דר וואלף . יעקב נכד אברהם העברי . גדול כים שברי . איך וויים נישט ווארום מען האט מיך גיבונדין . גרוס זענין מיינע שמערצין און ווינדין . איך בין אום שולדיג און ריין . דם ווייסט נאר גאט אליין . מארץ רחוקה הלכתי קדורנית . ויבואו בניך ויתפשוני אחורנית : איך שווער דיר ביי גאט דאס איך האב דיין זון יוסף נישט בארורט איך האב אים ניט גיזעהן : אין מיין לעבין אזו זאל מיר גאט פיל גוטס געבן . מיר הט זיך גיטראפן דם זעלבי נוס דיר . דו קאנסט טוען ווס דו ווילסט מיט מיר . שלאגט מיך טוט דאס איז מיר רעכט דען עס גייט מיר זעהר שלעכט :

יעקב דו בראכסט געניג צו בדארין דיין הארץ מוז שטארק טרארין . פר גיב מיינע קינדר ווס זייא האבן דיך גבונדין . זיי האבן גימיינט צו היילען מיינע ווינדן . ציה אין פרידען נאך דיינעם באגערין . און גאט זאל דיין שמערץ פון דיר אב ווערן :

פוטיפר לויפט צו יוסף

פרעה . לויפט און ברענגט אים גישווינד הער דען מיין

הארץ

הארץ איז מיר שווער . איך וויל אים גוט בצאלין אונ באלוינין . אוף זיין קאפ זעצין קרוינין . איך וויל אים בלוינין דעם רונג פון מיינער האנד ער זאל הערשין איבר דעם גאנצין לאנד :

פוטיפר ליוסף עס איז דיר פיל גלוק בשערט דר קעניג פרעה הט פון דיר גיהערט. זיין הארץ טוט שטארק ליידין ער וויל דו זאלסט אים זיין טרום בשיידין . אונ ווען דיינע ווערטר וועלין זיין מיט פאר שטאנד ביסטו דר גלוקליכסטר מענטש אין דעם גאנצין לאנד . דו וועסט הערשין אונ רעגירין אלם וועט זיך נאך דיינעם ווילין פירן . דרום קום גישווינד מיט מיר . איך וויל דיר עפענין די טיר :

פרעה ביזטו דער יונגער מאן . דער יעדען טרום באשיידען קאן איז דיא זאך רעכט אונ וואר . טוזטו מיר זאגין וואס דער טרום ווייזט וואר :

יוסף דס פר בארגינגע קאן נאר וויסען גאט אליין . איך בין דאך נאר איין מענטש פון פליי ש אונ ביין . נאר נוייל עס איז איין זאך פון טוט אונ לעבן . דרום הט עס מיר גאט צו וויסין גיגעבין . דו האסט גיזעהן זיבן זאנגין אונ זיבן רינדר . אונ נאך דר ביי מענבי ווינדר . דס הט דיר גאט צו וויסן גיגעבין וועגין דיינעם אונ דיין פאלקם לעבין . די מיינונג פון דעם טרום וויל איך דיר ער קלערין . דו מוזט אבער מיינע ווערטער גוט אום הערין . די זיבן זאנגין באטייטין זיבן גוטע יאר דו קאנסט מיר גלייבין דאס איז גאנץ וואר . דיא זיבן רינדר מיינט מען זיבן הונגר יאר . דס זעה איך גאנץ ריין אונ קלאר . ווילסטו מיך צו הערין אונ ניט לאכן . זאלסטו איין קלוגין מאן צום בשטעלטין מאכן . ער זאל זאמלין דס קארין פון די גוטע יארין אונ זאל עס אוף די הונגרם צייט בווארין . דס זאג איך דיר אלעם גוטרייער קנעכט איבר לייג דיר אוב איך זאג גוט אדער שלעכט :

פרעה

פרעה זָא אֵיין גָעטְלִיכֶן מַאן וִוי דו הָאבּ אִיךְ נָאךְ נִיט גְזָעהְן דו בִּיסְט קְלוּגֶער אַלְס אַנְדֶערִי צֶעהְן אַלֶס וָואס דו זָאגְסְט אִיז רֶעכְט אוּנ וָואר דֶער גַאנְצֶער טְרוים אִיז רֵיין אוּנ קְלָאר. אִיךְ הָאבּ אַקִירַאט גִיזֶעהְן דַיינֶע וֶוערְטִיר. דָאס מוּז אִיךְ בַּאקֶענְט מַאכִין אִין אַלֶע עֶרְטֶער. אִיךְ קֶען דַיין קְלוּגְהֵייט גָאר נִיט בַּשְׁרַייבִּין. דְרוּם מַיין לִיבֶּר יוסף מוּזְטוּ בַּיי מִיר בְּלַייבֶּן. זָאלְסְט אִין מצרים רֶעגִירִין. אוּנ דִי הֶערְשַׁאפְט פִירִין. דָא הָאסְטוּ מַיין גוּלְדִינְגִים רִינְג. פַאר דִיר מוּז קְנִיאִין אַלְט אוּנ יוּנְג:

יוסף פארט אום אין דעם קעניגליכן וואגין

דֶר מַארְשַׁאל רִיפְט אוּם דָס אִיז דֶער נַייֶער הֶערְשִׁיר אַלֶעס אִיז זַיין פַר אִים מוּז זִיךְ בִּיקִין גְרוּס אוּנ קְלֵיין:

האחים ליעקב הסר ממךָ כל צער ויגון והן כסף לקנות דגן. למה לנו כסף וזהב אם כלנו מתים ברעב: הֶער שׁוין אויף מִיט דַיין טְרוֶער אוּנ צָארִין. גָאט זָאל אַייךְ אוּף דֶעם רֶעכְטִין וֶועג פִירִין עֶס זָאל אַייךְ קֵיין אוּם גְלוּק פַאסִירִין. בְּלַייבְּט נִיט לַאנְג דָארְט קוּמְט בַּאלְד צוּרִיק אִיךְ וֶועל אָן אַייךְ נִיט פַר גֶעסִין קֵיין אוּגִין בְּלִיג. ה׳ יברךְ אתכם בכל אךְ אל תטו ממצותי ימין ושמאל. אל נא בכרךְ יחד כלכם תעבורו שמעו בקולי ובאשר אמרתי תשמרו. כל איש יבחר בשער אחר כאור הבוקר בעלות השחר: האחים בהיכל יוסף

יוסף אל המליץ. דבר אליהם בחרון וחמה. שאל פיהם מאין המה: הֶערְסְט וָוס אִיךְ זָאג דִיר פְרֶעג וָוס זֵיי מַאכִין הִיר:

המליץ. דברו האמת ואל תרבו כזבים. כי פני אדוני כפני להבים. אַייֶער לֵייקֶענִין וֶועט אַייךְ גָאר נִיט נִיצֶן דֶען אִיר וֶועט אִין קֶערְקִיר זִיצֶן. זָאגְט לִיבֶּר דִי וַוארְהֵייט אָפִין אַרוּם אוּנ פָארְט אִין פְרִידִין צוּ הוֹז:

האחים מִיר שְׁוֶוערִין דִיר בַּיי גָאט דָאס מִיר טְרַייבִּין קֵיין

שְׁפָּאט. מִיר הָאבִּין דִּיא וואָרְהֵייט גִישְׁפְּרָאכִין דֶען אוּנְזֶער הַארְץ אִיז שְׁטַארְק צוּ בְּרָאכִין פוּן דֶעם לַאנְד כנען זִינְד מִיר גִיקוּמִין דָאס הָאסְטוּ שׁוֹין אֵיין מָאל פַּר נָאמִין. המליץ קָאמְט צוּ מִיר הֶער זָאגְט וָואס אִיז אַייעֶר בַּאגֶער:

האחים דָס הָט אוּנְז דֶר פָּאטֶר גִיהֵייסִין דִּיא זַאךְ קֶענִין מִיר אָבֶּר נִיט וִויסֶן. עֶר אִיז הֵיילִיג אוּנ גִירֶעכְט זַיין בַּפֶּעל אִיז גֶעוִוים נִיט שְׁלֶעכְט. מִיר זֶענֶן צְוֶועלְף בְּרִידֶער גִיוֶוען דָאס אִיז אוּבֶּערַאל צוּ לֶעזִין אֵיין מָאל אִיז אֵיינֶער פוּן אוּנְז פַּר שְׁווִינְדִין. מֶען זִיכְט אוּנ זִיכְט אוּנ עֶר אִיז נִיט צוּ פִינְדִין. דְרוּם הָאבֶּן מִיר אוּנְז פַּר טֵיילְט אוּף פַאר שִׁידִינֶע שְׁרַאנְקִין יֶעצְט זֶעה וִויא רֵיין זֶענִין אוּנְזֶערִי גִידַאנְקִין:

יוסף אִיר רֶעד דָאךְ נִיט מִיט פַּר שְׁטַאנְד וִוי קוּמְט אַייעֶר בְּרוּדֶער אִין מַיינֶעם לַאנְד:

האחים מִיר רֶעדִין גַאנְץ גוּט אוּנ רֶעכְט עֶס קָאן מֶעגְלִיךְ זַיין מֶען הָאט אִים פַאר קוֹפְט אַלֶעס קֶנֶעכְט. דְרוּם הָאבִּין מִיר גִירַאכְט אִים צוּ זִיכֶען טָאג אוּנ נַאכְט. מִיר זֶענִין גִיגַאנְגֶען צוּ דִיזִין צְוֶועק אִין יֶעדִין ווִינְקִיל אוּנ יֶעדִין עֶק. מֶעהְר הָאבִּין מִיר דִיר נִיט צוּ זָאגִין. דוּ קֶענְסְט אוּנְז אוּךְ טוֹט שְׁלָאגִין:

יוסף אִיךְ קָאן דָס גָאר נִיט גְלוֹבִּין. מֶען זָאל בַּיי אַייךְ אֵיין בְּרוּדֶער רוֹבֶּען. אָ[illegible]ר אִיז עֶר זֶעלְבְּסְט אַנְטְלָאפֶען וִוי הָאט זִיךְ דִי זַאךְ גִיטְרָאפֶען:

האחים פַאר גִיבּ אוּנְז הֶער עֶס זָאל דִיךְ נִיט פַּר דְרִיסֶן דָאס גִיהֵיימוּנִים בְּרָאכְסְטוּ נִיט ווִיסֶען. דָאס בְּלַייבְּט בַּייא אוּנְז פַאר בְּארְגֶען מִיר טוּעֶן דְרִיבֶּער גֶענִיג זָארְגִין. לָאז אוּנְז גִימַאךְ דָאס אִיז נִיט דַיינֶע זַאךְ. דֶען מִיר עֶנְטְדֶעקִין עֶס נִיט דֶער פָּאטֶער בַּאשְׁטֶענְדִיג טוּט קְלָאגִין. ווִיא קָאנְסְטוּ פַאר לַאנְגֶען מִיר זאלין עֶס דִיר זאגין:

יוסף

יוסף דָס אִיז אֵיין בְּוַוייז דָאס אִיךְ הָאבּ רֶעכְט נַוארְשֵׁיינְדְלֶעךְ הָט אִיר פַר קוֹפְט אַייעֶר בְּרוּדֶר פַר אֵיין קְנֶעכְט. אֵיין עֶרְלִיכֶער מַאן הָט קֵיין פַאר בָּארְגִינֶע זַאכֶן. עֶר פֶער הוּילְט נִיט וָואס עֶר וִויל מַאכֶן. עֶר זָאגְט זַיינֶע גִידַאנְקֶען פְרַיי אִיז אִים אַלֶעס אֵיינֶם זָאגְט מִיר אוֹף רִיכְטִיג וָואס אִיז מִיט אַייעֶר בְּרוּדֶער גִישֶׁעהְן אֵיינֶער מוּז דָאךְ וִויסֶן פוּן אַייךְ אַלֶע צְוֶער הָאבֶּן אִיר אָבֶער גִיט בְּלַייבְּט וַוייטֶר שְׁטוּל מוּז אִיךְ מִיט אַייךְ טָאן וָוארוּן אִיךְ וִויל.

האחים מִיר הָאבֶּן שׁוֹן אֵיין מָאל גִיזָאגְט אוּנ דַאבַּיי וִוירְד עֶס בְּלַייבֶּן דוּ זָאלְסְט מִיט אוּנְז קֵיין שְׁפָּאס טְרַייבֶּן וָואס גִישֶׁעהְן אִיז מִיט אוּנְזֶער בְּרוּדֶר וֶוערְדִין מִיר דִיר נִיט זָאגֶען. וֶוען דוּא אוֹךְ אוּנְז וִוירְסְט טוֹט שְׁלָאגִין:

יוסף מַיין צָארִין טוּט אִין מִיר בְּרֶענִין. וַוייל אִיר וִוילְט נִיט דִיא וַוארְהַייט בַּאקֶענִין. עֶס הָאט מִיךְ אוֹף אַייךְ שְׁרֶעקְלִיךְ פַאר דְרָאסִין. דְרוּם מוּז שמעון בְּלַייבֶּען בַּייא מִיר גִישְׁלָאסִין. דָס וִוירְד מִיר אַבְּוַוייז זַיין דָאס אִיר זֶענְט עֶרְלִיךְ אוּנ רֵיין. וֶוען אִיר זָאלְט מִיר אַייעֶר עֶרְלִיכְקֵייט בַּאוַויינֶען מוּזְט אִיר צוּרִיק נָאךְ הוֹיז רֵייזֶען. שמעון בְּלַייבְּט דָא אֵיין גִישְׁפַּארְט דָאס הָאבּ אִיךְ שׁוֹן אַמָאל גִיהֶערְט שְׁרֶעקְט אַייךְ נִיט אִים וִוירְד קֵיין לֵייד גִישֶׁעהְן אִיךְ וִויל אַייעֶר יוּנְגְסְטִין בְּרוּדֶער זֶעהְן. דָס וִוירְד מִיר בַּאוַויינֶען רֵיין אוּנ קְלָאר דָאס וָואס אִיר זָאגְט אִיז וַואר אִיךְ גִיבּ אַייךְ צַייט פִיר וָואכֶען אִיר זָאלְט טוּעֶן וִוי אִיךְ הָאבּ גִישְׁפְּרָאכִין אִיז אָבֶער דִיא צַייט פַאר גַאנְגִין אוּנ אִיר טוּט נִיט מַיין פַאר לַאנְגֶען אִיךְ וִויל עֶס אַייךְ נָאךְ רֵייטְלוּכֶער עֶרְקְלֶערִין אִיר מוּזְט עֶס אַלֶע הֶערִין. וֶוען אִיר וֶועט צוּא הוֹז זִיצֶען בְּלַייבִּין דִיא רִינְדֶער אוֹף דִי פֶעלְדֶר צוּ וַויידִין טְרַייבֶּן. אוּנ אַייעֶר יוּנְגְסְטִין בְּרוּדֶר צוּ מִיר גִיט פִירֶען וֶועט אִיר זֶעהְן וָוס אַייךְ וֶועט פַּסִירֶן. אַייעֶר בְּרוּדֶר שמעון אִיז בַּיי מִיר אַפְּפַאנְד אִיךְ וִויל אִים טוֹט שְׁלאגִין

שְׁלָאגִין מִיט אֵייגִינֶער הַאנְד. אִיז עֶר אַייךְ לִיבּ ווִילְט אִיר עֶר זָאל לֶעבֶּן מוּזְט אִיר מִיר דֶעם יוּנְגְסְטִין בְּרוּדֶער גֶעבִּין. וָוען אִיךְ אוֹיךְ בִּין אִיבֶּער אַייךְ אִין צָארִין וֶועל אִיךְ אַייךְ דָאךְ פַאר קוּפִין קָארִין:

יוסף לעבדו מָארְגִין פְרִיא זָאלְסְטוּ מִיר דִי בְּרִידֶר אַנְפַּאנְגֶען אִיהְנֶען צוּ גֶעבִּין קָארִין ווִי פִיל זֵיי פַר לַאנְגִין. גִיבּ זֵיי וָוס, זֵייא בּגֶערִין דוּ זָאלְסְט אִיהְנֶען גָאר נִיט פַאר וֶוערִין:

יוסף להאחים אַייעֶר פָאטֶער זָאגְט אִים אַגוּט מָארְגִין עֶר זָאל נִיט זָארְגִין. אַייעֶר בְּרוּדֶער שמעון וֶועט דָא קֵיין מַאנְגִיל לַיידִין עֶר וֶועט הָאבֶּן פִיל נַחַת אוּנ פְרֵיידִין. נָאר דָאס אֵיינְצִיגֶע ווִירְד אִים גִישֶׁעהְן דָס עֶר וֶועט זַיינֶע בְּרִידֶר נִיט זֶעהְן. גְרִיסְט אַייעֶר פָאטֶר אוּם בֶּעקַאנְטֶער ווֵייז מַאכְט קוּרְץ אַייעֶר רֵייז. קוּמְט גִישְׁווִינְד מִיט דֶעם יוּנְגְסְטִין בְּרוּדֶער צוּרִיק. פָארְט אִין גָאטְס נָאמֶען מִיט גְלוּק:

דיא ברידער אוף דעם וועג

יששכר זֶעהְט נָאר בְּרִידֶער וָואס מִיר אִיז גִישֶׁעהְן. דָאס הָאבּ אִיךְ נָאךְ אִין מַיין לֶעבִּין נִיט גִיזֶעהְן. ווִי אִיךְ הָאבּ דֶעם זַאק אוֹיף גִיבּוּנְדִין הָאבּ אִיךְ מַיין גַאנְצִים גֶעלְד גִיפוּנֶן עֶס לִיגְט אִין גַאנְצִין. ווִי אִיךְ הָאבּ עֶס גִיבְּרַאכְט מֶען הָאט עֶס נִיט אַמָאל אוֹיף גִימַאכְט. דָאס קָאן אִיךְ מִיר גָאר נִיט עֶרְקְלֶערִין גִישְׁווִינְד אִיךְ ווִיל צוּרִיק קֶערִין:

אלע עפענען דיא זעק

כולם יחד בִּיטֶער אִיז אוּנְז מֶען הָאט אוּנְז דָס גַאנְצֶע גֶעלְד צוּרִיק גִיגֶעבִּין דָס מֵיינְט מֶען גִיוִוים אוּנְזֶר לֶעבִּין. לוֹפִין מִיר גִישְׁווִינְד צוּרִיק וַוארְטִין מִיר קֵיין אוּגִין בְּלִיק:

האחים ליעקב גוּט מָארְגִין ווִינְטְשִׁין מִיר דִיר פָאטֶער גוּט מָארְגִין הֶער שׁוֹן אוֹיף צוּ טְרוּרִין אוּנ צוּ זָארְגִין. מִיר זֶענִין מִיט

גאסט

גָאטְס הִילְף גִיקוּמֶען צוּרִיק פְּרִישׁ אוּנ גִיזוּנְד :

יעקב אַייֶער בְּרוּדֶר שמעון טוּט מִיר דָאךְ פֶּעלִין זָאגְט מִיר דִי וַוארְהַייט אִיר זָאלְט נִיט פַר הֶעלִין . זָאגְט גִישְׁוִוינְד אִיךְ מוּז עֶס הֶערִין אִיךְ ווִיל אַייךְ אִין דֶעם רֶעדִין גָאר נִיט שְׁטֶערִין :

יעקב דֶר טַייֶערִיר יוסף אִיז פַר שְׁווִינְדִין שמעון לִיגְט אִין קֶערְקִיר אוּנ יֶעצְט זָאל אִיךְ אַייךְ אוֹךְ בנימין גֶעבִּין צוּא וָואס נִיצְט מִיר שׁוֹן דָאס גַאנְצֶע לֶעבִּין :

האחים מִיר הָאבִּין דָאךְ קֵיין בְּרוֹט . עֶס אִיז אוּנְז שׁוִין לִיבֶּער דֶר טוֹט . ווִילְסְטוּ אוּנְז בנימין נִיט גֶעבִּין וֶועלִין מִיר אוּנְז נֶעמִין דָאס לֶעבִּין :

יעקב לְבנימין הֶערְסְטוּ וָואס דַיינֶע בְּרִידֶער בַּאגֶערִין אִיךְ קָאן עֶס זַיי נִיט שְׁטֶערִין . נָאר דוּא זָאג אוֹב דוּא ווִילוּגְסְט אַיין דֶען ווִי דוּ ווִילְסְט זָא מוּז עֶס זַיין :

בנימין וָוס מַיינֶע בְּרִידֶר פַאר לַאנְגִין אִיז גִיווִיס גוּט זַייא זֶענִין דָאךְ מַיין פְלֵייש אוּנ בְּלוּט . ווִיא קָאן אִיךְ נֵיין זָאגִין וָוען אִיךְ הֶער זַיי וַויינֶען אוּנ קְלָאגִין :

יהודה בְּלַייבְּט גִיזוּנְד טַייֶערִיר פָאטֶער . מִיר קוּמֶען בַּאלְד צוּרִיק בְּלַייבְּט גִיזוּנְד אוּנ הָאבּ פִיל גְלוּק :

בהיכל יוסף

האחים מִיר הָאבִּין גִינוּג גִיקְרֶענְקְט דֶעם פָאטֶר דֶעם אַלְטִין אָבֶּער דִיר הָאבִּין מִיר וָוארְט גִיהַאלְטִין . דָאס אִיז דֶער בְּרוּדֶער אַזוֹי ווִיא דוּא הָאסְט בַּאפוּלִין . מִיר שְׁטֶעהֶן יֶעצְט ווִיא אוֹיף פַייֶערִינֶע קוֹילִין :

דיא ברידער עסין בייא יוסף ער הייסט דעם דינער צוא פאר שטעקין דעם בעכר אין בנימינס זאק :

יוסף אל האחים פָארְט נָאךְ אַייֶער לַאנְד צוּרִיק גָאט וֶועט אַייךְ גֶעבִּין פִיל גְלוּק :

יוסף

יוסף אל העבד לוף גישווינד נאך דיא לייט זייא זענין נאך ניט גאנץ ווייט. טוא וויא איך האב דיר באפולין דען זיי האבין מיין בעכיר גינומען :

העבד אל האחים איך מוז ביי אייך איין אונטער זיכונג מאכן דען עס פעהלין אונז מענכי זאכין :

ער זיכט אונ פינדעט דעם בעכר ביי בנימין

העבד מיין ליבר מאן דו מוזט מיט מיר צוריק קערין . דאס איבריגע וועסטו שוין שפעטיר הערין :

יוסף לעבדו. בנימין בלייבט ביי מיר אין האנד . אבער דיא ברידער שיק צוריק אין איר לאנד :

יהודה מיין הער דו מוזט מיר פר געבין איך זעה דו שונסט גיט דיין לעבין. גיב אונז גלייך אונזער ברודער צוריק . זאנסט ברענגין מיר דיר דעם גינק :

יוסף איבר דיינע ווערטער מוז איך לאכין. מיינע שטארקע הערין ווערדין אייך גלייך בעוואכין :

יהודה דיינע הערין זענין בייא מיר וויא דיא פליגין אונ וועלין פון מיר הארטע שלעק קריגען :

יוסף איז דען דאס זא איין גרוס אום גלוק. איר האט דא אייער ברודר יוסף פר קופט פר צוואנציג זילבער שטיק :

יהודה דם פייער פון שכם טוט אין מיר ברענין דו וועסט באלד מיין צארין ערקענין :

יוסף דיין שניר תמר וועט עם פאר לעשין אונ העסט בלייבין גאנץ קאלט :

יהודה מיין הער עס זאל דיך ניט פאר דריסין איך זעה דו ווילסט איך זאל דם בלוט פון מצרים פר גיסן :

יוסף דאס איז אייך ליב איך וייס עס זעהר גוט איר האט דאס העמד פון יוסף אוך איין גיטונקט אין בלוט :

יהודה

יהודה איך װעה דא װעט קיין ענדע ניט זיין, ביז מיר װערדין טוט שלאגין פון גרוס ביז קליין:

יוסף װאס ניצט אייך דאס קריגין אונ שלאגין איך װעל אייך ליבער זאגין: איר מוזט מיר אבער צו זאגין רוהיג צו בלייבין אונ האט קיינע דומהייטין צו טרייבין:

יוסף מיינע דינער אונ בעאמטין געהט אוס דעם צומער לאזט מיך אליין אבער איר זאלט אין דראסין ביי דער טיר זיין:

האחים מיר האבין אגוטע נאכרוכט געבראכט דס הט אונז פיל פרייד גימאכט. יוסף לעבט ער טוט איבער מצרים רעגירין ער האט גיהייסין מיר זאלין דיך צו אים פירן:

יעקב גילובט איז גאט דער הימעל אונ ערד רעגירט. פר אלעם דס מיר אין מיין לעבין פאסירט. גישװינד גישװינד מיין טייערין יוסף צו זעהן אונ נאך דעם קאן שון מיט מיר װאס עס װיל גישעהן:

לבי ובשרי ירננו לאל השמים
כי יוסף בני עודנו בחיים.
משנה גיל אשמח תחת יגוני
רב לי רב מאור גדול ששוני:

# תם ונשלם